# דער תנא רבי יהושע

## לעבעדיגערהייט אין גן עדן

### אדער

### דער כח פון א שבועה וויא הייליג זיא איז

א מעשה נורא וואס דיא באבע עליה השלום האט ערצעהלט איר איינקעל (עפ"י המדרש) פארשריבען לזכרון

פון יהושע מזה.

ווילנא

שנת תרס"ב לפ"ק

ДЕРЬ ТАНА РАБИ ІЕГОШУА.

т. е. Танай раби Іегошуа. Разсказъ О. Х. Мейзаха.

Соб. изд. Л. Л. Маца.



ВИЛЬНА.

Въ типографіи Л. Л. Маца, на Завальной улицѣ д. Вендорфа.

1901 г.

# א.

## די באבע רעט אויס איהר הארץ.

גוטע יאהרען האבען מיר דערלעבט! אלע מיינע גלידער ציטערן אין מיר צו זעהן ווי אין אונזערע צייטען האבען זיך פארמעהרט אונ עס זיינען פערגרעסערט געווארען דער צאהל אפיקורסים וואס ווילען בשום אופן ניט גלויבען אין נסים ונפלאות אונ ווען זיי הערן פון א געוויסען ערליכען מאן אז ער ערצייחלט זייא דאס ער אליין האט די נסים ונפלאות געזעהן אונ איהם קענען זיי ניט מאכען פאר א ליגנער. ווייל אלע ווייסען דאס ער איז אנ'ערליכער מאן אונ וואס ער רעדט ארויס פון זיין מויל איז אמת ויציב. דענסטמאל ווילען זיי דעם נס אנטאן מיט אפליישענע קאפאטע (ראק) כדי דער נס זאל אויסזעהן ווי אטבע (נאטירליכע זאך)... קאן מען דאך מיינען אז זיי זיינען גרויסע פהילאזאפען אונ אז זיי וועלען שרייבען, וועט מען געוויס הערן פון זיי אלע שבע חכמות לסוף וואס טהוען זיי? פילען זיי אן גרויסע ביכער מיט נסים ונפלאות פון פערד, אזלען, שלאנגען, פיש, פייגעל א. ג. וו. די גרויסע פהילאזאפען ערצייהלען אז די חיות. בהמות וכו' האבען געזאגט, גערעדט, געטראכט, געמאכט אפגעגנארט איינער דעם אנדערן. איינגערעדט איינער דעם צייטען אויסגעטראכט נייע פלענער... דער דערצייהלט ווי א וואלף האט אפגענארט א שעפס. אונ יענער דערצייהלט ווי א פוקס האט גערעדט זעהר קלוג מיט א פיש, אדער מיט א האן כדי איהם אריינצוהאפען אין זיין געפין. אדריטער דערצייהלט נאך פיל נרע-סערע נסים ונפלאות, ער שעמט זיך ניט צושרייבען: אז בוימער אונ שטיינער, בערג אונ טהאלען, וואסער מיט פייער, לופט מיט זאמד וואס האבען גאר קיין מויל ניט. האבען אויך גערעדט

(ר' יהושע)

זאָנאַר זיך גענצאַנקט אײנער מיט דעם אַנדערן ... פלענער געמאַכט ווי זיך צו רעטען פון שונא. פרעג איך ביי זיי אַקשיאַ: זאָגט מיר ברידערליך: פאַר וואָס מאַכט איהר ריידענדיג חית בהמות, וכו׳. פאַר וואָס ווילט איהר ניט גלויבען אַז דער מלאך המות האָט געריידט מיט גרויסע צדיקים און ער איז געוועזען אַפּאָסטעליאָן (בריעף-טרעגער) צום גן עדן און פון גן עדן (אַזוי ווי איך וועל דיר, מיין ליב קינד ערציילען ווייטער)? זיי ענטפערן מיר אַ תירוץ דאָס וואָס איך (באָבע) ערצייל איז פאַנאַטיזמוס טהאָריזמוס און נאָך אַזעלכע מערקעשע ווערטער העט איך פון זיי וואָס מיינע עלטערנס עלטערן האָבען דאָס קיין מאָל ניט געהאַט און איך, געלויבט איז השי״ת ווייס אויך דעם מאיטץ פון די משונה לשונות. פרעג איך ביי זיי נאָך אַ קשיאַ: זאָגט מיר שיינע קלוגע געבילדעטע: פאַר וואָס ווילט איהר ניט זעהען און ניט הערען די מוסר און די מדות טובות וואָס מען קען אָבלערנען לייענדענדיג אַזעלכע היילינע ספורים ווי מיינע איז? אין יעדען וואָרט וואָס אַ מלאך (אפילו דער קלענסטער) אָדער אַ חכם רעדט אַרויס פון זיין מויל. ליגט דאָך באַהאַלטען אין דעם אַטיפע כוונה: זיי מיינען דאָך געוויס ניט צו מאַבען לצנות. נאָר פון אידעשקייט וועגען. זייער ציל איז נור פון נאָמס וועגען, זיי פערלאַנגען דאָס מענשען זאָלען זיך אָפּלערנען צו גיין בדרך הישר, זיי נייגען דאָך דעם יודען געוויס געטבייא און האָבען איהם פיל ליעבער וויא אייערע העלדען דער שלאַנג, עזעל און נאָך אַזעלכע מני באַשעפענישען, הלעבען די קלוגע פהילאָזאָפען נייסען מיר ניט וואָס צו ענטפערן זיי שווייגען, מיין איך דאָך אַז איך האָב זיי שוין געוואונען מנצח געוועזן, זיי וועלען מיר שוין מודה זיין אַז איך האָב רעכט, אָבער נאָר לא מיט אַשלשלת! ... זיי בלייבען ביי זייער גרייז ... ביי זייער טעות. און זאָגען: וועט אַ שלאַנג, אַ פוקס. אַפערד ריידען, איז דאָס אַחכמעלע, און דער וואָס פאַרשרייבט, דרוקט, און לעזט זייערע רייד איז אַ משכיל, אַוועלטמענש, אָבער ווער עס שרייבט

(ר׳ יהושע) דרוקט

דרוקט און לעזט די רייד פון א מלאך, א תנא — איז אפאנא־טיקער, אך ווי זייערע הערצער זיינען פארפעטשט. זייערע אויגען זיינען פארשטעלט. זיי ווילען ניט פארשטיין, ניט הערען און ניט זעהען מיינע נסים ונפלאות, אט ווי זיי דערזעהען נור דעם נאמען פון א מלאך א תנא, א צדיק, אדער גלאט אזוי א פאר־צייטיגער יוד ווארפען זיי אוועק דעם ספר און פלוכען דעם מחבר מיט דעם מדפיס. דעם ערשטען פאר וואס ער האט געשריבען די פאנאטישע מעשיות, און דעם צווייטען פאר וואס ער האט דאס געדרוקט, ניט אזוי, מיין ליב קינד, זאלסט דו זיך נוהג זיין, דו לייען זייערע מעשיות און מיינע ספורים, וועסט דו מיט דער צייט וויסען און פארשטיין ריכטיג, אז זייערע געגען מיינע איז אבווואנע געניין א מענשען... זייערע מעשיות האט א גוף אהן א נשמה... און א מאל איז זייער נוף א שוואכער, א קראנקער, א גוויסגעדאר־טער... און מיינע ספורים האבען א גוף מיט א נשמה. ביידע געזונדטע, שטארקע, פרייליכע, דארום וועל איך דיר יעטצט אויך ערצעהלען א ספור וואס האט א טהייערע אידעלע נשמה... מיט א געזונדטען קרעפטיגען גוף... הער זיך גוט איין מיינע וויכטיגע רייד, וועסט דו האבען פיל פערגניגען און גרויסע נוצין דו פארשרייב מיינע רייד צום אנדיינקען וועסט דו דער מיט מזכה זיין פיל מענשען, וועט דער זכות דיר ביישטיין אז דו וועסט די נסים ונפלאות פארברייטערן אויף דער גאנצער וועלט און עס וועט דורך דעם ווערן א גאנץ אנדער וועלט.

## ב.

## דער שרעקליכער שליח

דער גרויסער צדיק רבי יהושע, וועמעס נאהן ער איז געווען

(ר' יהושע)

ווייס

ווייס איך ניט — האָט די באָבע געזאָגט — און וואָס איך ווייס ניט אויף קלאָהר, קען איך פון מיין מויל ניט אַרויסרעדען 1) איך ווייס נור אַזוי פיל אַז דער רבי יהושע האָט אַלע זיינע יאָהרען עוסק געווען אין תורה, מצות, מעשים טובים, און ער האָט מקיים געווען ללמוד וללמד לשמור ולעשות, דאָס הייסט: ער האָט אַליין פאַר זיך געלערנט. און ער האָט אויך מיט אַנאַנדערן געלערנט; ער האָט געהיט די תורה. און געטאָן וואָס די תורה שרייבט און באַפעלט דעם אידען צו טאָן: ער האָט געהאַט פיל תלמידים גרויסע צדיקים און חכמים, פאַרשטייט מען שוין אַליין אַז ער איז געווען אַ גרויסער צדיק און אַ חכם. זיין נאָמען איז געוועזען פערוואוסט אויף דער גאַנצער וועלט. אַלע האָבען איהם געקענט פאַר אַ אוהב ישראל בפרט, און אַ מענשען פריינד בכלל. ער האָט זיך ניט גרויס געהאַלטען. אַ ענו און אַ שפל רוח...

אַמענש לעבט ניט עוויג, עס איז געקומען זיין צייט צו שטאַרבען, האָט גאָט געזאָגט צו דעם מלאך המות: געה צו רבי יהושע, נעהם צו זיין הייליגע נשמה און ברייננ איהר פאַר מיין כסא הכבוד, נור איך באַפעל דיר, דאָס איין זאַך וואָס ער וועט פון דיין ביטע פערלאַנגען עס מעג זיין די גרעסטע און די שוועהרסטע זאַך, זאָלסט דו איהם גאָר אָן אַ שום תירוץ געבען, ווייל ער איז ווערט מען זאָל איהם דאָס און זיין וואונש ערפילען. ווייל ער איז ווערט מען זאָל איהם דאָס פוהן, ניט פיל אַזעלכע צדיקים ווי ער זיינען יעטצט פאַראַן אויף דער זינדיגער וועלט.

דער מלאך המות איז געגאַנגען אין גאָטעס שליחות און ער איז געקומען צו רבי יהושע. ער האָט זיך געשטעלט פאַר איהם און האָט אַזוי געזאָגט: דיין צייט איז געקומען דאָס דו מוסט אַוועקגיין פון דער וועלט אויף יענער וועלט. דאָ איז פאַר דיר גענוג לעבען, גאָט אַליין האָט מיר געשיקט צו דיר איך זאָל נעמען דיין

1) מען זאָגט אַז זיין פאָטער האָט מען גערופען לוי. (ר' יהושע)

דיין נְשָׁמָה און בְּריינגֶען איהר פַאר זיין כִּסֵא הַכָּבוֹד. נור אֵיידְער איךְ נֶעהם צוּ בּיי דיר דיין נְשָׁמָה, הָאט זִיר גָאט עֶרלוֹיבְּט אַז דוּ מֶעגְסְט אַיין זַאךְ פוּן מִיר פָאדֶערְן עָס מֶעג זַיין דִי שְׁוֶוערְסְטֶע זַאךְ, וָועל אִיךְ דִיר גֶעבְּען און וָועל עֶרְפִילֶען דיין בַּקָשָׁה. ווייל דוּא הָאסְט גֶעפּוּנֶען חֵן אִין גָאטֶעס אויגֶען. אַלְזָא זַיי זִיךְ מְיַשֵּׁב וָואס צוּ בֶּעטֶען פוּן מִיר. אִיךְ וִויל וִויסֶען דיין פֶערְלַאנְג און אִיךְ וָועל דיין רָצוֹן מְמַלֵּא זַיין. יֶעצְט זָאג דיין בַּקָשָׁה.

אִיךְ פֶערְלַאנְג פוּן דִיר — הָאט רבי יהושע גֶעזָאגְט — דָאס דוּ זָאלְסְט מִיר צייגֶען מיין אָרְט אִין גַן עֵדֶן.

— אַ צוּגְרוֹיסֶע זַאךְ הָאסְט דוּ גֶעבֶּעטֶען—הָאט דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת גֶיעֶנְטְפֶערְט—אַזַא פֶערְלַאנְג הֶער אִיךְ דֶעם עֶרְשְׁטֶען מָאל צייט דִי וֶועלְט אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען, נוּר פֶערְפַאלֶען, אִיךְ מוּז גָאטֶעס בֶּעפֶעל מְקַיֵים זַיין און אִיךְ וָועל דִיר ווייזֶען דיין אָרְט אִין גַן עֵדֶן. מַאךְ זִיךְ פֶערְטִיג מִיט מִיר צוּ גֵיין בִּיז דֶעם פַארְקַאן פוּן גַן עֵדֶן. אִיךְ וָועל דִיר דָארְט אַרוֹיפְהֵייבֶּען אוֹיבֶען אוֹיף דֶעם פַארְקָען וָועסְט דוּא פוּן דָארְטֶען קֶענֶען זֶעהֶען דיין אָרְט אִין גַן עֵדֶן. —

# ג.

## דֶעם מַלְאָךְ הַמָוֶת שְׁוֶוערְד.

רבי יהושע הָאט מוֹרָא גֶעהַאט צוּ גֵיין מִיט אִיהם. אַבַּקָשָׁא אוֹיף אַ מַעֲשֶׂה—הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרַאכְט דָא בַּיי מִיר צוּ הוֹיז בִּין אִיךְ דָער יַהֲסָן. דִי תּוֹרָה אִיז אוֹיף מִיר מַגִין (בֶּעשִׁיצְט מִיךְ) אָבֶּער אוֹיף דֶעם וֶועג, קֶען זִיךְ מַאכֶען גְרָאדֶע סַעֲשֶׂה שָׂטָן. אִיךְ וָועל מִיר אוֹיף עֶפֶּעס פַארְקָען. פַארְטְרַאכְטֶען, אוֹיפְהֶערֶען צוּ לֶערְנֶען. קָאן נָאךְ אַזַא שֵׁיינֶער בָּחוּר בֶּענוּטְצֶען דִי גֶעלוֹנְגֶענֶע צייט און מִיר

מאכען מיט זיין שווערד היק היק איז אוים מיין נאנצער גליק. שריי נאך דעם חי וקים. וואס אזא בחור מהוט אפּ איז פארפאלען. ווער עס פאלט אריין אין זיינע האנד וועם שוין אלעבעדינער ניט ארויס, איך האב זעהר שטארק מורא צו גיין אזא ווייטע וועג מיט איהם צוזאמען —

— קום, פארליהר קיין צייט ניט — האט דער מלאך המות געזאגט — דיינע מינוטען זיינען געציילטע.

אויב דו ווילסט איך זאל גיין מיט דיר—האט רבי יהושע געזאגט—גיב מיר דיין שווערד, ווייל איך האב זייער מורא פאר דיר, דו קענסט מיר איבערשרעקען אויף דעם וועג, אבער אז דיין שווערד וועט זיין אין מיין האנד, וועל איך גיין מיט דיר אהן מורא.

— איך גיב דיר מיין שווערד—האט דער מלאך המות געזאגט—כדי דו זאלסט ניט דארפען מורא האבען צו גיין מיט מיר.

דער מלאך המות האט געפירט רבי יהושע'ן א ווייטע וועג אויף בערג אונ אין טהאלען. אין מדבריות אונ אויף ימים. ביז זיי זיינען געקומען אנ'עק וועלט, וואו קיין לעבעדיגער מענש קאן אהין אליין ניט קומען אונ פון דארטען—הינטערן עק וועלט—האט ער איהם געפירט נאך א שטיק ווייטע וועג ביז זיי זיינען געקומען צו דעם פארקאן פון ג"ע.

## ד.

## דער פארקאן פון גן עדן.

— זאג מיר באבונו! — האב איך געפרעגט — פאר וואס האט
(ר' יהושע)

הָאט נָאט דֶעם גַן עֵדֶן בֶּעשַׁאפֶען אַזוֹי וַוייט, אַז הִינְטֶער אַנְ'עֶק וֶועלְט, וואוּ קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶער מֶענְשׁ קָאן אַהִין קוּמֶען?

— פַארְשְׁטֵייסְט דוּ מַיין קִינְד — הָאט דִי בָּאבֶּע גֶעזָאגְט — אִיךְ וֶועל דָאס דִיר דֵייטְלִיךְ עֶרְקְלֶעהְרֶען: אַמָאל אַיידֶער אָדָם הָרִאשׁוֹן הָאט גֶעזִינְדִיגְט, הָאט נָאט דֶעם גַן עֵדֶן בֶּעשַׁאפֶען מַאקֶע אִין רֶעכְטֶען מִיטֶען וֶועלְט, יֶעדֶער מֶענְשׁ זָאל קֶענֶען אַהִין אַבִּיינְקוּמֶען אָן גְרוֹיסֶע מִיה, עֶר זָאל דָארְטֶען גֶעפִינֶען אַלֶערְלֵי פֵּירוֹת פְרוּכְט זִיךְ זַיין הַעַרְץ צוּ עֶרְקְוִויקֶען. דֶער מֶענְשׁ הָאט דֶענְסְטְמָאל קֵיין מוֹרָא גֶעהַאט פַאר חַיּוֹת רָעוֹת, אוּנ פַאר קֵיינֶעם... דֶען וֶוער הָאט בְּכֹחַ שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טָאן אַ מֶענְשֶׁען וָואס אִיז לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט אִין גַן עֵדֶן? נוּר וִוי אָדָם הָרִאשׁוֹן הָאט גֶעזִינְדִיגְט, עֶר הָאט נִיט גֶעפָאלְגְט וָואס נָאט הָאט אִיהם גֶעבָּאטֶען עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען פוּן דִי פְרוּכְט וָואס עֶר הָאט נִיט גֶעבְּרוֹיכְט עֶסֶען, עֶר הָאט דַאדוּרְךְ גֶעעֶפֶענְט. אַפָאר גְרוֹיסֶע אוֹיגֶען... אוּנ הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען זִיךְ שֶׁעמֶען צוּ זַיין וִוי עֶר אִיז בַּיי דֶעם חֵטְא גֶעוַאנְגֶען... עֶר הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען קַאלְיֶע מַאכֶען דִי בּוֹימֶער פוּן ג"ע... רַייסֶען פוּן זֵיי דִי בְּלֶעטֶער פַאר זִיךְ קְלֵיידֶער צוּ מַאכֶען... נָאט הָאט גֶעזֶעהֶן דָאס אָדָם קֶען דֶעם גַאנְצֶען ג"ע קַאלְיֶע מַאכֶען, עֶר וֶועט זִיךְ נָאךְ אַנֶעהם גֶעבֶּען צוּ דֶעם עֵץ הַחַיִּים וֶועט עֶר אֵייבִּיג הַאלְטֶען אִין אֵיין עֶסֶען אוּנ וֶועט קֵיין מָאל נִיט טוֹיט וֶוערֶען... הָאט נָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן גַן עֵדֶן. אוּנ עֶר הָאט אִיהם בֶּעפוֹילֶען עֶר זָאל דִי עֶרְד אַרְבֵּייטֶען. אוּנ וִויפִיל עֶר וֶועט קֶענֶען מִיט זַיין שְׁוֵייס אוֹיסְאַרְבֶּעטֶען אַזוֹי פִיל מֶעג עֶר עֶסֶען... אוּנ דֶעם גַן עֵדֶן הָאט נָאט אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען הִינְטֶער אַנְ'עֶק וֶועלְט, וואוּ לֶעבֶּעדִיגֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶען אַהִין נִיט קֶענֶען קוּמֶען, וַוייל פַאר אַלֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען וֶועט דֶער גַן עֵדֶן — וִוי גְרוֹיס עֶר זָאל נִיט זַיין — אַלֶע מָאל זַיין קְלֵיין אוּנ וֵוייניג... דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער וֶועט קֵיין מָאל זִיךְ נִיט צוּפְרִידֶענְשְׁטֶעלֶען מִיט דֶעם גְרֶעסְטֶען גַן עֵדֶן... אוּנ אֲפִילוּ נָאכְ'ן טוֹיט. לָאזְט מֶען אַהִין אַרַיין נוּר דִי צַדִּיקִים, אָבֶּער נִיט דִי רְשָׁעִים, וַוייל נָאט וִויל אַלֶע מֶענְשֶׁען וָאךְ

(ר' יהושע) זייער

זייער טויט צופרידען שטעלען... דערפאר נעהמט ער דעם צדיק אין גן עדן, ווייל דער צדיק איז צופרידען מיט דעם וואס מען גיט איהם דארטען. אונ דעם רשע לאזט מען אריין אין גיהנום, ווייל דארטען וועט ער אויך צופרידען זיין, ער וועט ניט פער־לאנגען מעהר ווי פיל ער בעקומט דארטען...

יעצט מיין ליב קינד — האט די באבע געזאגט — הער צו די מעשה ווייטער זי איז זעהר אינטערעסאנט.

דער מלאך המות האט גענומען רבי יהושע'ן אונ האט איהם ארויפגעהייבען אויף דעם פארקען פון גן עדן. אונ האט צו איהם געזאגט: הייב אויף דיינע אויגען אונ זעה דיין ארט, ער איז ניט ווייט פון דיר נור עטליכע טריט... ער האט געזעהן, געטראכט געקלערט...

— באבונא! — האב איך געפרעגט — צו וואס דארף מען האבען א פארקען ארום גן עדן?

— פארשטייסט דוא מיין קינד, — האט די באבע ערנסט געענטפערט — ווייל דער גן עדן מוז אויך האבען אגבול ווי ווייט ער זאל פארנעהמען, ווען ניט וועלען דאך די צדיקים ניט וויסען וואו דער גן עדן ענדיגט זיך, אונ וועלען אלע מאל גיין ווייטער אונ ווייטער זוכען מעהר אונ גרעסערע פערגניגען...

## ה.

## אשפרונג לעבעדיגער הייט אין גן עדן.

ווי רבי יהושע איז געשטאנען אויף דעם פארקען פון גן עדן. אזו ער האט געזעהן די צדיקים זיטצען מיט זייערע קרוינען אויף זייערע קאפף אונ זיינען נהנה מזיו השכינה. זיי האבען גאטליכע פערגניגען ער האט פערגעזעהן דעם עולם האמת. די ליכטיגקייט, די

(ר' יהושע)

דִי פְּרֵיילִיכְקַייט, דִי רוּהִיגְקַייט, ווִי גְלִיקְלִיךְ זַיי פַאר בְּרֵיינְגֶען ד
צַייט אִין גַן עֵדֶן, הָאט זִיךְ אִיהם נִיט גֶעוָואלְט גַיין צוּרִיק אוי
דֶעם עוֹלָם הַתְּנוּפָה וְהַשֶּׁקֶר, עֶר הָאט פַארְמִיאוּס'ת דִי זִינְדִיגֶע וועל
עֶר הָאט בַּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט. עֶס אִיז פַאר מִיר גָאר קֵיין פְּלַאן נִי
צוּ גַיין פְרִיהֶער שְׁטַארְבֶּען אוּנ נָאכְדֶעם אַרַיינְגַיין אִין גַן עֵדֶן. עֶ
אִיז דָאךְ בֶּעסֶער צוּ פַארְשְׁפָּארֶען דֶעם טַעַם פוּן טוֹיט, אוּנ בַּאי
לֶעבֶּעדִיגֶע־הֵייט אַרַיינְגַיין אִין גַן עֵדֶן. עֶר הָאט לַאנְג נִיט גֶעקְלֶער
קֵיין מִינוּט צַייט פַארְלָארֶען אוּנ עֶר הָאט מִיט אַלֶע זַיינֶע כּוֹח
אַ שְׁפְּרוּנְג גֶעגֶעבֶּען פוּן פַארְקֶען אִין גַן עֵדֶן אַרַיין.

דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת הָאט אִיהם גֶעהַאפְּט פַאר זַיין בֶּ
מַאנְטֶעל אוּנ אָנְגֶעפַאנְגֶען אִיהם צוּ שְׁלֶעפֶּען צוּרִיק, עֶס קֶען זֶעה
נוּט מֶעגְלִיךְ זַיין—הָאט דִי בָּאבֶּע גֶעזָאגְט — אַז דֶער מַלְאָךְ הַמ
ווָאלְט אִיהם נוֹבֵר גֶעוֶועֶן, נוּר רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאט בַּאלְד גֶעפוּ
אַ גוּטֶען מִיטֶעל ווִי פוּן זַיינֶע הָאנְד נִצּוֹל צוּ ווֶערֶען, עֶר הָ
בַּאלְד גֶעשְׁוָואוֹרֶען בַּיי גָאטֶעס נָאמֶען מִיט דֶעם שֵׁם הַמְּפוֹרָשׁ, ז
עֶר ווֶעט פוּן גַן עֵדֶן נִיט אַרוֹיסְגַיין, הָאט אִיהם דֶער מַלְאָךְ הַ
גֶענוּמְט אָבְּלָאזֶען, אוּנ דָאס אִיז יָדוּעַ, אַז דֶער מַלְאָךְ הַמָּוֶת הָ
קֵיין רְשׁוּת נִיט אַרַיינְצוּקוּמֶען אִין גַן עֵדֶן, אִיז רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ דָאר
גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט.

— אוּנ דֶער מַלְאָךְ הַמָּוֶת הָאט אִים גֶעשְׁוִויגֶען ? — הָאבּ
גֶעפְרֶעגְט — עֶר הָאט דֶערְצוּ קֵיין מִיטֶעל גֶעפוּנֶען ? —

— הֶער דִי מַעֲשֶׂה וַוייטֶער — הָאט דִי בָּאבֶּע גֶעזָאגְט,
ווֶעסְט דוּ זֶעהְן אַז עֶר הָאט נִיט גֶעשְׁוִויגֶען.

### ד.

### דִי שְׁבוּעָה.

דֶעם מַלְאָךְ הַמָּוֶת הָאט שְׁטַארְק פַארְדְרָאסֶען וָואס רַבִּי יְהוֹ
(ר' יְהוֹשֻׁעַ) האט

ט איהם אָפְּגֶענאַרט אונ אויסגֶעלאַכט, איז ער גֶעגאַנגֶען צו
ב"ה אונ האָט גֶעזאָגְט: זָעה נור רבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם ווִי רבּי יהושע
ט מִיט גֶעוואַלד גֶענוּמֶען זַיין אָרְט אין גַן עֵדֶן, אונ ווִיל דאָרְטֶען
עדינֶעהַייט בְּלַייבֶּען, ער ווִיל פוּן דאָרְט נִיט אַרוֹיס גַיין צוּרִיק,
ג איך דִיר, גָאט, דוּ בִּינְסְט דאָך דער הֶערר פוּן דער גאַנְצֶער
ט, מִיט וואס איז ער בֶּעסֶער ווִי אַלֶע צַדִיקִים, אַז ער זָאל נִיט
זוּכֶען דֶעם טַעַם מִיתָה. זַיי דוּ אוּנְזֶער שׁוֹפֵט אונ זָאג ווער פוּן אוּנְז
ען האָט רֶעכְט, אונ אַז איך וועל גֶעווִינֶען דעם מִשְׁפָּט, ווֶעסְט
רוֹיסֶער הֶערְשֶׁער, זאָגֶען אונ בַּאפֶעלֶען, דאס ער זאָל אויף זִיך
ל זַיין דעם פְּסַק אַרוֹיסְצוּגַיין פוּן גַן עֵדֶן. דִיר ווֶעט ער מוּזֶען
גֶען.

— ער האָט דאָך אָבֶּער גֶעשְׁוואוֹרֶען ער זָאל פוּן דאָרְט נִיט
סגַיין — האָט גָאט גֶעזָאגְט — אונ אַ שְׁבוּעָה איז דאָך הַיילִיג ער
דאָך אַנְדֶערְשׁ נִיט טאָן ווִי ער האָט גֶעשְׁוואָרֶען.
— שְׁווֶערֶען גֶענֶען יוֹשֶׁר, גֶעגֶען מִשְׁפָּט—האָט דער מַלְאָךְ
גֶעזאָגְט—אַזַא שְׁבוּעָה האָט קַיין ווערְט נִיט. דאַרְפְסְט דוּ
ער גאָט זַיין שְׁבוּעָה מְבַטֵל זַיין, זִי זָאל פַארְשְׁטָערְט ווֶערֶען,
— גַיי נאָך שְׁנֶעל אונ זוּך נָאך שְׁטַארְק—האָט גָאט גֶעזָאגְט—
קֶר וְדוֹרֵשׁ אוֹיב רבּי יהושע האָט אויף זַיין גאַנְצֶען לֶעבֶּען האָטְשׁ
מאָל פַאלְשׁ גֶעשְׁוואָרֶען, זָאל זַיין יֶעטְצִיגֶע שְׁבוּעָה קַיין ווֶערְט
ן ווֶעל איך איהר מְבַטֵל זַיין, אונ ער ווֶעט מוּזֶען אַרוֹיסְגַיין פוּן
, עֶס ווֶעט אִידם קַיין זאַך נִיט הֶעלְפֶען, איך ווֶעל אִים אִין דַיין
אִיבֶּערְגֶעבֶּען. דוּ זָאלְסְט מִיט אִים טָאן ווִי דוּ מְהוּסְט מִיט אַלֶע
יִנֶע בַּאשֶׁעפֶּענִישׁ, נור אוֹיב נִיט. אוֹיב ער האָט קַיין מָאל אויף
גְצֶען לֶעבֶּען פַאלְשׁ גֶעשְׁוואוֹרֶען, דאַרְף ער יֶעמְצְט זַיין שְׁבוּעָה
נִיט בְּטֵל זַיין, זִי בְּלַייבְּט הַיילִיג אַז אִיךְ צַלַיין קָאן אִיר נִיט
וערֶען אונ ער דאַרְף פוּן גַן עֵדֶן נִיט אַרוֹיסְגַיין, ער בְּלַייבְּט
ן אויף עֲוִית בִּיז מָשִׁיחַ ווֶעט קוּמֶען.
דער מַלְאָךְ הַמָוֶת מִיט אַלֶע זַיינֶע מְשָׁרְתִים די רוּחוֹת, שֵׁדִים,
(ר' יהושע) מזיקים

מזיקים, לצים, לילית וְכל כַּת דילָה, הָאבֶּען אָנגעפַאנגען זוכע
הוֹקר וְדוֹרֵשׁ צוּ זיין, טָאמער וועלען זיי געפינען אַפּאלְשֶׁע שְׁבוּעָה
וָואס רבי יהוֹשֻׁעַ הָאט אויף די לעבעדיגע וועלט פאלש געשְׁוָואר[ען]
אָבער אוּמְזָאנְסְט איז געוועזען זייער מִיה, זיי הָאבען ניט געפונען, ווי
רבי יהוֹשֻׁעַ הָאט אויף זיין גאנְצען לעבען פאלש ניט געשְׁוָוארע[ן]
נָאךְ בּעסער אֶפִּילוּ אויף אַנ'אֶמֶת הָאט ער אויך ניט געשְׁוָוארע[ן]
דער מַלְאַךְ הַמָוֶת מיט זיינע מְשָׁרְתִים זיינען געקומען צוּר[יק]
צוּ גָאט אוּנ הָאבען זיךְ געשְׁטעלְט פַאר אים בְּיִרְאַת הַכָּבוֹד.

— נוּ ווָאס הערְט זיךְ? — הָאט גָאט געפְרעגט, וָואס פַא[ר]
אַ ניים הָאט איהר געבְּרַאכְט? פיליַיכְט הָאט איהר געפונען ר[בי]
יהוֹשֻׁעַ'ס אַפּאלְשֶׁע שְׁבוּעָה וָואס ער הָאט אויף זיין גאנְצען לעב[ען]
פאלְשׁ געשְׁוָוארען?

— ניין, רבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! — הָאט דער מַלְאַךְ הַמָוֶת מ[יט]
אַלע זיינע מְשָׁרְתִים גיענְטְפֶערְט — מִיר הָאבּין גאר נישט געפונען, נ[יט]
אַ פאלְשֶׁע שְׁבוּעָה אוּנ אֶפִּילוּ ניט אַנ'אֶמֶתע שְׁבוּעָה, ווייל ר[בי]
יהוֹשֻׁעַ הָאט אויף זיין גאנְצען לעבען קיין מִין שְׁבוּעָה אַרוֹיסְגעלָאזְ[ט]
פוּן זיין הייליגע מויל.

— אויב אַזוֹי — הָאט גָאט געזָאגְט — זָאל זיין יעצְטיגע [ב]עבּתָ[ה]
אויךְ ניט פַארְשְׁטערְט ווערין. ער דארף ניט מְחַלֵל שְׁבוּעָה זיין,
בְּלַייבּט בְּתָקְפָה אוּנ ער זָאל דָארְטען אין גַן עֵדֶן אויף זיין אָרְט בְּלייב[ען]
אוּנ ניט אַרוֹיסְגֵיין צוּרִיק, ווייל אַזאַ צַדִיק וָואס שְׁווערְט קיין מָא[ל]
אֶפִילוּ אויף אַנ'אֶמֶת, פֶארְדִינְט, ער זָאל אַריין אין גַן עֵ[דן]
לעבּעדיגערהייט.

— רבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! — הָאט דער מַלְאַךְ הַמָוֶת געטַעגה'ת — ס[']
הָאט דָאךְ אָבער מִיר אָבְּגענַארְט, אוּנ דערְפַאר אַליין קוּמְט איהם דָא[ס]
אַשְׁטְרָאף.

— דָאס הייסְט ניט אָבְּגענַארְט — הָאט גָאט גיענְטְפֶערְט — ע[ר]
הָאט אַנְדערְשׁ ניט געקָאנְט מָאן. דָאס רוּפְט מען אַחָכְמָה, אָפְּנַאר[ן]
דעם מַלְאַךְ הַמָוֶת, מעג מען, דוּ ווילְסְט איהם קוֹילען, הָאט ע[ר]

דאס רעכט זיך צו קלינגען, פטור צו ווערען פון דיינע הענד, אונ
גאר אזא אפנארען קומט איהם קיין עונש, נור אשכר.

## ז.

## זיך אויסריידען.

— וואס פאר אשיינער מוסר עס ליגט בעהאלטען אין דער
מעשה—האט די באבע גענאגט—דאס לערנט אונז אז אשבועה איז
זייער א גרויסע וויכטיגע זאך. אין דעם וואלט מען גיט געקענט אלע
מאל גלויבען אמענשען, למשל: דער סאלדאט וואס שווערט צו זיין
געטריי די רעגירונג, זיין פאטערלאנד, צו דינען עהרליך, אים
גלויבט מען אז ער וועט געוויס מקיים זיין זיין שבועה צו היטען,
אפילו אגנב וויל אויך ניט שווערען פאלש, אונ דער וואס איז
א חשוד אויף גנבה איז ניט חשוד אויף א שבועה. פארקעהרט
אבער ווען ער איז א חשוד אויף א שבועה איז ער א חשוד אויף
גנבה, זעהען מיר אז א שבועה איז זייער שטרייננ אויף דער
וועלט אונ אפילו אויף יענער וועלט אויך. דער מלאך המות
האט קיין שליטא אויף יענעם צדיק וואס שווערט ניט פאלש
אונ אלע מלאכים האבען פאר איהם דרך ארץ... אונ נאט אליין
האט יענעם צדיק ליעב אונ ווען עס טרעפט איין מאל אין לעבען
דאס אצדיק האט געשווארען, ווייל ער האט געמוסט שווערען,
וויל נאט דאס די שבועה זאל מקוים ווערען, און רבי יהושע איז
געבליבען לעבעדיגער היים אין גן עדן צו ליב דעם וואס ער
האט קיין מאל ניט פאלש געשווארען.

— באבוניו! — האב איך געפרעגט—צו ליב מקיים זיין איין
לא תעשה פון דער תורה, ניט שווערען פאלש, פארדינט יענער
מענש לעבעדיגערהייט אריינצוניין אין גן עדן? עס איז דאך פאראן

פיל מִצְוֹת אין דער תּוֹרָה, דאַרף מען דאָך פאַר יעדער מִצְוָה מְקַיֵם זיין, קענען לעבעדיג אַריין אין גַן עֵדֶן. ווען מען דאָך אויפהערען צו שטאַרבען, ווייל יעדער מענש איז אויף זיין לעבען מְקַיֵם איין מִצְוָה געווים.

— פאַרשטייסט דו מיין קינד—האט די באָבע געזאָגט—אַשְׁבוּעָה איז אַזוי ווי אַוויוועסקע צו אַ געשעפט, אַז דיוויוועסקע איז אַשיינע ריינע אַקלאָרע אַמהייערע איז אַ סִימָן אַז אין געשעפט איז פאַראַן פיל מהייערע סְחוֹרָה. אונ יעדערער קלעהרט אונ זאָגט אַז דער סוֹחֵר האט זיך געלאָזט קאָסטען פיל געלד אויף די וויוועסקע, וואס קיינעם בריינגט זי קיינע נוצען. געווים האט ער אויפגעגעבען פיל געלד צוקויפען מהייערע נוטצליכע סְחוֹרָה פאַר די קוֹנִים. האט ער מסתמא געגרינדעט אַרייכען געשעפט, אַזוי איז מיט דעם מענשען, ער האט תרי"ג מִצְוֹת, היינטיגע געשעפטסלייט האבען גיט אַזוי פיל סְחוֹרָה אין זייערע געשעפטען, די מויל זיינע איז אַוויוועסקע צו דער גאַנצער תּוֹרָה. ווי באַלד זיין מויל איז אַריינע ער שווערט ניט פאַלש, מסתמא איז זיין געשעפט אַרייכער, דאס הייסט: ער איז אַ צַדִיק אונ ער איז מְקַיֵם די גאַנצע תּוֹרָה קומט אים אַ גרויסען שָׂכָר.

— באָבוניו! — האָב איך געפרעגט—וואס זאָל אָבער מאהן דער מענש וואס ניט ווילענדיג רעדט זיך אויס ביי איהם פון מויל אַפאַלשע שְׁבוּעָה, ער האט בעת מַעֲשֶׂה גאָר ניט געקלעהרט, ער האט זיך נור אויסגערעדט.

— פאַרשטייסט דו מיין קינד—האט די באָבע געזאָגט—מיין פאָטער איז געווען אַ צַדִיק אונ אַ חָכָם פון אים האָב איך דיר פיל מַעֲשִׂיוֹת צו ערציילען. גאָר ניט יעצט איז די צייט דערצו. דאס וועט בלייבען אויף אַנאַנדערשט מאָל. נור ווען דיין פראַגע האט ער אַמאָל געזאָגט אַגלייכוואָרטעל: ווען אַמענש רעדט זיך אויס אַנאַרעשקייט, איז אַ סִימָן דאס ער האט זיך אויסגערעדט...

יעצט הער צו די מַעֲשֶׂה ווייטער:

(ר' יהושע)

דער

# ח.

## דָער בַּת קוֹל.

דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת הָאט גֶיזֶעהְן דָאס עֶר וֶועט רבי יהושע'ן פוּן גַן עֵדֶן מֶער נִיט קֶענֶען אַרוֹיסְנֶעמֶען, עֶס אִיז פַארְפַאלֶען, עֶר בְּלַייבְּט שׁוֹין דָארְטֶען אוֹיף אֵייבִּיג, הָאט עֶר אִים גֶיבֶּעטֶען דָאס עֶר זָאל אִים זַיין שְׁוֶוערְד אָבְּגֶעבֶּן, אָבֶּער רבי יהושע הָאט נִיט גֶיוָואלְט אָבְּגֶעבֶּען דֶעם שְׁוֶוערְד צוּרִיק דֶעם מַלְאַךְ הַמָוֶת אִין זַיין הַאנְד, עֶר הָאט גֶיוָואלְט דָאס דֶער שְׁוֶוערְד זָאל בְּלַייבְּן בַּיי אִים, אַלְע רֵייד וָואס דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת הָאט גֶירֶעט אוּנ גֶיבֶּעטֶען הָאט אִים נִיט גֶעהָאלְפֶען. רבי יהושע הָאט אִים אֲפִילוּ נִיט גֶיוָואלְט עֶנְטְפֶערִין.

— בָּאבּוּנְיוּ! — הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט — צוּ וָואס בְּרוֹיךְ רבי יהושע דֶעם שְׁוֶוערְד? פַאר וָואס הָאט עֶר נִיט גֶיוָואלְט אָבְּגֶעבֶּין? אֶפְשַׁר דֶער פַאר וַוייל עֶר הָאט דֶערְסִיט גֶיוָואלְט טָאן לְהַכְעִיס דֶעם מַלְאַךְ הַמָוֶת. אָדֶער עֶר הָאט דֶערְבַּיי גֶיהַאט אַנְאַנְדֶער כַּוָונָה?

— חָלִילָה — הָאט דִי בָּאבֶּע גִיעֶנְטְפֶערְט — אַצַדִיק וִוי רבי יהושע אִיז גֶעוֶוען וֶועט קֵיינֶעם נִיט טָאן לְהַכְעִיס, דֶער אֶמֶתֶער צַדִיק זוּכְט נָאר צוּ טָאן גוּטֶעס, חֶסֶד אוּנ צְדָקָה אִיז זַיין פֶערְגְנִינֶען אוּנ בַּיי דֶער מַעֲשֶׂה הָאט רבי יהושע אוֹיךְ גִיהַאט אַ כַּוָונָה צוּ טָאן גוּטֶעס עֶר אִיז גֶעוֶוען אַמֶענְשֶׁען פְרַיינְד. וָואס דָאס אִיז דֶער עִיקֶר בַּיי אַ צַדִיק, ווייל דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אִיז אוֹיף דֶעם גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען, מֶען דַארְף לִיבּ הָאבֶּען יֶענֶעם וִוי זִיךְ זֶעלְבְּסְט. דֶערְפַאר הָט ר' יהושע נִיט גֶוָולְט אָבְּגֶבִּין דֶעם חֶלֶף צוּרִיק דֶעם מַלְאָךְ הַמָוֶת. כְּדֵי עֶר זָאל קֵיין כְּלֵי זַיִן הָאבִּין מִיט וָואס דֶעם מֶענְשֶׁ'ן צוּ טֵייטֶען, אוּנ עֶר וָואלְט אִים גִיוִויס נִיט אָבְּגֶעגֶעבֶּען דֶעם שְׁוֶוערְד, נָאר רבי יהושע הָאט גֶעהֶערְט אַ בַּת קוֹל וָואס הָאט גֶעזָאגְט: רבי יהושע! גָאט אַלֵיין